אהער, איז וואָס האסטו דאָ געטהאָן מיט איהר ? — כאַ־כאַ־כאַ !...
ברוך האָט זיך דאָ מיט אמאָל א הויב געטהאָן אן אנגעצונדרענער און גענומען שרייען :
— צום טייוועל ! דו געהסט אוועק פון דאנען ? !
בינעם אבער האָט זיך ניט גערוהרט פון אָרט און האָט זיך צולאכט נאָך גיפטינער.
— געה אוועק פון דאנען, זאָג איך דיר ! — האָט ברוך אויסגע־שריען.
איז בינעם דערויף געוואָרען נאָך לאכענדיגער און בלאַסער און האָט איהם ארויסגעשטעלט א לאנגע צונג..
— וואָס, דו ביזט משוגע געוואָרען ! ? — האָט ברוך אויסגעשריען און איז צוגעלאָפען און געוואָלט אנכאפען בינעם׳ען. זיין האנט האָט אבער קיינעם ניט געטראָפען !...
— בינעם, בינעם ! — האָט ברוך גענומען רופען, אליין ניט ווי־סענדיג וואָס ער טהוט. און גלייך דערויף האָט ער דערהערט בינעם׳ס קול :
— וואָס דו ביזט טאקע דאָ ? ! אָ, איצט פערשטעה איך שוין פאַר וואָס פריהער האָט מיך ביילקע אליין געצווינגען אהערצו נאָך האָלץ פאַר׳ן פייער, און איצט איהר לאה !
און בינעם איז אנגעקומען פון צווישען די בוימער מיט לאה׳ן, טראָ־גענדיג אין די הענט אנגעקליבענע דאַרע שטיקלאך צווייגען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— און ווייסטו — האָט זיך בינעם געווענדט צו ברוכ׳ן — ביי מיר מיט לאה׳ן איז געבליבען, אז איך בין גאָר איננאנצען ניטאָ. איך בין דאָס נאָר אזאָ מין בעגריף צווישען דיר און די אנדערע, צווישען דיר און די האָלבע נאַראָנים, די פערטעל נאַראָנים, און די גאנץ קלוגע...
ברוך האָט זיך אפגעקערט פון בינעמען און האָט גלייך אנגענומען לאה׳ן ביי דער האנט, ווי ער וואָלט וועלען זיין זיכער, אז זי איז דאָ. און אז בינעם האָט דאָס דערזעהן האָט ער זיך צולאכט און האָט זיך לאכענדיג געווענדט צו לאה׳ן און געזאָגט :
— נו, נו לאה, ניט מיר שוין איבער אייער ביסעל האָלץ און בלייבט דאָ א ווייל.. איך בין דאָך נאָר א בעגריף אזאָ... וועל איך דאָס נחומ׳ען

ניט דערצעהלען. און וועל דאָס חנה'ן ניט דערצעהלען. און וועל דאָס זיך אליין אויך ניט דערצעהלען...

— וואָס איז מיט אייך, ברוך? — האָט זיך לאה אָנגערופען — זעהענדיג ברוך'ס שרעקליך צורייצטען פּנים.

— וואָס מיט מיר איז, לאה? וואָס מיט מיר איז! — פערלאַנגען פון אן אדלער, נאָר קיין פליגלען זיינען ניטאָ. מאַך איך זיך אָפּט גרייט צום פליהען און פליה ניט, און דאָס ערגסטע, — איך מאַך, ווייזט אויס, אלץ אן אָנשטעל פון איינעם וואָס פליהט... אבער ניין ניט דאָס, לאה, ניט דאָס! עפּעס קאָכט זיך אין מיר ווי אין א קעסעל. און איך ווייס ניט וואָס דאָס איז, און דאָס וואָס איך טהו, האָט, דאכט זיך, גאָר ניט צו טהאָן מיט דעם וואָס עס קומט אין מיר פאָר. ווער איז אין דעם שולדיג, לאה, ווער איז אין דעם שולדיג?

—ברוך, גאָט איז מיט אייך! וואָס רעדט איהר?... — האָט זיך לאה אָנגערופען און איז צוגעקומען הארט צו ברוך'ן און גענומען אין דער דונקעלהייט קוקען ארויף צו זיין פּנים, צו זיינע אויגען. און ווען ברוך האָט זי דערפיהלט נעבען זיך א ווייסע, אָן אויסגעצווינגענע, האָט זיך אלץ אין איהם גענומען בעטען זי ארומצונעהמען, זי לאַסטשען און קושען. עס האבען זיך שוין ביי איהם אפילו די הענט גענומען הויבען, נאָר פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט אן חנה'ן.. און אין די בוימער ארום איהם.. א שרעקליכער ציטער איז מיט אמאָל אריבער זיין לייב, און די הענט האבען זיך ביי איהם אָפּגעלאָזט. און ער איז געבליבען שטעהן פאר לאה'ן ווי א ליידינער, ווי א שולדינער... נאָכדעם האָט ער אבער ווידער גענומען קוקען אויף איהר ווייסען פּנים, אויף איהר ווייס קלייד און אויף איהרע אקסלען וואָס זיינען ביי איהר אזוי רונד ווי ביי חנה'ן און האָט צו איהר גענומען ריידען:

וויפיעל גוטע און שטילע רוה איהר טראָגט מיט זיך לאה! ווי גוט עס איז, וואָס איהר זענט אליין אזא ווייסע און קלייד זיך אזוי אָפּט אין ווייסען, און ברייגנט מיר אזוי אָפּט ווייסע בלומען. וואָלט נאָר אויפגעגאַנגען א ליכט פאר די אויגען, וואָלט נאָר אלץ ניט אזוי שוואַרץ און טעמפּ געווען, וואָלט נאָר גאָט אונז אויף דער אמת'ען געהאָלפען! — און דערביי האָט זיך זיין שטימע געריענט און געציטערט, און זיינע אויגען האבען וואַרעם און בלענדענדיג געקוקט אויף לאה'ן און האבען

זי ארומגענומען און האָבן זי געקושט און האָבן זי געוואָרעמט. אָט פּונקט ווי זי וואָלט אין זײַנע הענט געלעגן...

נאָכדעם האָט ברוך מיט זײַן האַנט אָנגענומען די פינגער פון לאה׳ס האַנט, און אַזוי האַלטענדיג זיך האַנט אין האַנט האָט ער זיך מיט איהר געלאָזט דורך די שאָטענס צו דעם פייער.

דאָס פייער האָט געברענט און געקנאַקט און זײַנע שאַרפע צונגען האָבן זיך אינאײנעם מיט׳ן רויך געריסען ארויף, און אַלע וואָס זײַנען געזעסען ארום דעם פייער זײַנען געווען פאַרשפּינעלט פון זײַן ליכט, און זיי, אינאײנעם מיט די ביימער און פעלזען ארום, האָבן אויסגעזעהן ווי גײַסטער, וואָס זײַנען נאָר וואָס ארויסגעשפּרונגען פון פייער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען בײַלקע האָט דערזעהן ברוך׳ן אוי לאה׳ן האָט זי קוקענדיג אויף זיי און אויפ׳ן פייער אויפגעזונגען:

פלאַקער פייער, פלאַקער,
פלאַקער פרעהליך צו!

און חנה האָט זיך דערבײַ אויסגעצויגען נעבען מאַקסען און אוועקגעלײגט איהר קאָפּ אין זײַן שויס. — — —

ברוך און לאה האָבן זיך אַנידערגעזעצט נעבען פייער. לאה האָט זיך געזעצט אַזוי, אַז זי זאָל זײַן צווישען נחומ׳ען און ברוך.

ברוך איז געבליבען ווי אײנער אַליין, און ער איז געזעסען און געקוקט אויף דעם פייער ווי ער וואָלט פון איהם די אויגען ניט געקאָנט אוועקנעהמען. אין קאָפּ האָבן זיך געוועבט געדאַנקען אין זאַכען פון וועלכע ער האָט ניט געוואוסט און ער האָט געטראַכט:

פייער, פייער! — דאָס איז דאָך דער נאָמען פון אַלץ וואָס האָט קײן נאָמען ניט — — — ווען עמיצער זוכט זיך, און קאָן זיך ניט געפינען, זאָל ער זיך אוועקזעצען און זיצען לאַנג בײַ אַ פאַנאַנדערגעלײגטען פייער — — בײַ דעם פייער איז דאָך אַזוי פיל צושטערט און געבויט געוואָרען — — — בײַ אַזאַ פייער זײַנען אויף די דאָזיגע בערג ערשט ניט לאַנג, די אינדיאַנער געזעסען. בײַ אַזאַ פייער האָבן דאָך ערשט ניט לאַנג די קווייקערס זייערע הײמען און טרוימען געבויט. — —

— און ווי לאַנג איז דען, אַז מיר זיינען ביי אַ פייער אין דער מדבר געגאַנגען? — — —

נאָכדעם האָט ברוך ניט ווייט פון זיך דערזעהן אַ גרויסען שטיין. האָט ער איהם צוגערוקט צו זיך און האָט זיך אַנגעצוינגען און אַוועקגעליינט זיין קאָפּ אויפ'ן שטיין... בינעם האָט זיך צולאַכט און חנה האָט דערפיהלט ווי אַ שלאַנג וואָלט זי אַ בים געטהאָן... און זי האָט אַ הויב געטהאָן איהר קאָפּ פון מאַקס שויס — — — זי האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און גענומען קוקען גלייך אויף ברוך'ן. עס איז ביי איהר אויסגעקומען, אַז ער האָט אַוועקגעליינט זיין קאָפּ אויפ'ן שטיין, כדי זי צו בעליידיגען. זי האָט עפּעס געוואָלט זאָגען און האָט ניט געזאָגט, און האָט צוריק אַראָפּגעלאָזט איהר קאָפּ אויף מאַקס שויס. — — —

ברוך האָט אָבער נאָכדעם שוין לאַנג ניט געקאָנט איינהאַלטען זיין קאָפּ אויפ'ן שטיין, האָט ער זיך שטיל אויפגעהויבען און אָנגענומען דעם גרויסען שטיין, אויף וועלכען ער איז געלעגען און האָט איהם מיט זיינעביידע הענט אויפגעהויבען איבער זיין קאָפּ, און איז מיט איהם צוגעגאַנגען צו אַ דערבייאיגען פעלז, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבען פון דער ערד ווי אַן אויפגעשפּרונגענע כוואַליע. און ער האָט מיט זיין גאַנצען כח אַ שליידער געטהאָן דעם שטיין אָן דעם פעלז. דער שטיין האָט זיך אַ בייזען פּאַטש געטהאָן אָן פעלז און איז זיך אין שטיקער צופלויגען. און דער ווידער־קול פון דעם קלאַפּ האָט אָפּגעהילכט אין דער נאַכטיגער באַרגלופט אַ צוויי דריי מאָל. די קאַמפּאַני אַרום פייער איז פון דעם צושראָקען געוואָרען ווי פון אַ פּלוצלינגען דונער. ביילקע האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדען קוויטש. חנה האָט אויפגעהויבען איהר קאָפּ. בינעם האָט לאַכענדיג צוגעשריען:

— כאַרכאַ! ס'אַרא כח אביסעל! ניט אומזיסט זאָגט ער, אַז נאַרישקייט ווענט!...

ביילקע איז צוגעלאָפען צו ברוך'ן און גענומען שרייען:

— גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ שלעכטער מענש איהר זענט! איהר האָט דאָך מיך דערשראָקען אויף טויט!

— נו, איהר וועט נאָך לעבען בלייבען — האָט איהר ברוך געענטפערט, זי אָנגעקוקט אַ ווייַלע, און גלייך ניט ווייט פון איהר דערזעהן

נאָך א שטיין, האָט ער דעם שטיין ווידער אויפגעהויבן איבער זיין קאָפּ מיטביידע הענט, און א געשריי געטהאָן:

— היט זיך!!

און דער שטיין איז מיט א נאָך גרעסערן קראַך געפאַלען אויפ׳ן פעלז און איז זיך אין שטיקער צופלויגען.

ביילקע האָט ווידער אויסגעשריען, אבער גלייך דערויף איז מענדעל אויפגעשפּרונגען א בעגייסטערטער: —

— ברוך, דו ביזט גרויס. דאָס איז א געניאַלע אידעע! — און ער האָט אויך אויפגעזוכט א שטיין און האָט איהם מיט א ווילדען „האָך“, צו־שלאָגען אָן דעם פעלז.

האָבען זיך נאָכדעם אַלע מיט אמאָל דערפיהלט ווי ארומגעכאַפּט פון א ווילדער פרייד. — די פרויען האָבען גענומען לאַכען, דערפיה־לענדיג א גרויל ביי יעדען געלונגענעם קלאַפּ פון א שטיין אָן פעלז. און די מענער האָבען זיך אַלע גענומען מעסטען זייער כח מיט שליידערען שטיינער אָן דעם פעלז. און דער שטילער בארג האָט גענומען הילכען אין דער ליכטינער נאכט אריין מיט ווילדע ווייבערשע געלעכטערס און גע־שרייען, מיט קלאַנגען און פיעלע טיעפע ווידערקלאַנגען, פון דעם קראַ־בען און קנאַלען און פּלאַצען פון שווערע שטיינער אָן זיין אַלטען אויפ־געבוואַליעטען גרויען פעלז.

# קאַפּיטעל 7

מיעדע, הונגעריגע, אבער דאָך אויפגעראמטע, מיט א בעזונדער ברייטקיים אין זייערע הערצער, מיט א בעזונדער אפענקייט אין דעם קלאנג פון זייערע שטימען, האָבען זיי זיך אלע אראָפּגעלאָזט פון דעם בארג. עס איז זיי געווען ווי זיי וואָלטען זיך נאָר וואָס אָנגעטרונקען מיט גוטען אלטען וויין. פריי און אָהן צערעמאָניעס האָבען זיך די מיידלאָך געלאָזט ארומנעמען, עס איז געווען ווי זיי וואָלטען איצט אלע דערפיהלט, אז נאָך אזא טאָג ווערט אלץ גערעכט און גוט, נאָך אזא טאָג ווערט מען פארברידערט און פארשוועסטערט, און כאָטש עס וואָרעמען זיך דערביי אויך גאנץ אנדערע געפיהלען, מעג מען אבער. מען מעג...

דער ברייטער און נעדרעהטער וועג, וואָס האָט געפיהרט בארג אראָפּ דורך וואלד און שטיינער, איז געווען ווייס, און האָט געבלענדט אין דעם שיין פון דער לבנה, ווי ער וואָלט געווען פארשפּריים מיט ווייסע לייַלאכער.... א פרעהליכע ליכטיגקייט האָט געבלענדט פאר די אויגען און דער וועג האָט זיך ווי אן אויסגעהאמערטער געשניטען דורכ'ן טונקעלען וואלד. דער וואלד האָט פון זיינע בוימער און בארג שפּיצען אָפּגעענטפערט זייערע אלע רייד, זייערע געלעכטערס און זייערע קלאנגען, ווי ער וואָלט זיי דערמיט פערזיכערט, אז ער הערט זיך צו צו זיינע שטיפער און ווייסט פון אלץ וואָס זיי טהוען און רעדען. ער, דער וואלד, איז ניט טויב און ניט בלינד, און ער זעהט אפילו, ווי דער שווארצער יאָהר, וואָס האָט זיך א גאנצען טאָג געפּלאָנטערט צווישען זייערע פיס, איז איצט אויסגעשעפּט און מיעד און האָט הנאה פון זיין מיעדקייט...

נחום האָט זיך מיט א בעפרייטער אָפענהערציגקייט געווענדט צו מענדלען:

— דו ביזט דאָך אומגעגאנגען אויף די פּאלעסטינער בערג. זאָג דעם אמת, זענען דאָרטען אויך פאראן אזוינע ליכטיגע וועגען!?

— פּאַראַן, — ענטפערט מענדעל, צוטוליענדיג פעסטער צו זיך זיין מיידעל — פּאַראַן!

— און דאָרט וואו עס איז ניטאָ, קאָן מען דאָך אַזוינע וועגען מאַכען. — זאָגט ווידער נחום, אָבער דעם מאָל ווענדט ער זיך שוין ניט צו מענדלען נאָר צו לאה׳ן. און לאה אין איהר ווייסען קלייד איז אין דעם לבנה-ליכט נאָך ווייסער און שעהנער, און זי איז צופריעדען און גוט צו איהם, און ער נעמט זי אָן אונטער׳ן האַנט און הערט ווי דער וואַלד ענטפערט אָפּ צוריק:

קאָן מען דאָך אַזוינע וועגען מאַכען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ברוך האָט זיך געווענדט צו חנה׳ן, ווי ער וואָלט זיך פאַר איהר געקלאָגט:

— חנה, בין איך הונגעריג, אַז דער טייוועל נעמט מיך!

און חנה ענטפערט שוועסטערדיג:

— אַט זענען מיר דאָך שוין באַלד ביים ברעג, עס זעהט זיך דאָך שוין דאָס וואַסער.

— אָבער איך בין הונגעריג! — האָט איהר ברוך איבערגעשלאָגען.

— יאָ, — ענטפערט חנה — אָבער ווי נאָר מיר וועלען אריבער־פאָהרען דאָס וואַסער, וועלען מיר אריין אין דעם ערשטען בעסטען רעס־טאָראַנט און מיר וועלען זיך אַלע אָנעסען.

און זיינע רייד און איהר ענטפער האָבען מיט זיך געטראָגען אַזוי פיעל געטריישאַפט און נאָהענטקייט, אַז זייערע ביידענס הערצער זיינען אויפגעשפּרונגען און זיי האָבען גענומען געהן איינס נעבען צווייטען ווי צוויי צאַפּלדיגע הירשען. — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ברוך האָט אָנגענומען חנה׳ן אונטערן אָרעם, חנה האָט זיך אומגע־קוקט — — — —

ברוך האָט אַ צופריעדענער געקוקט אויף איהר און אויף דער לופט, און האָט געזאָגט:

— פיהלסט איהר ניט ווי די לופט אַרום האָט גענומען שמעקען ווי מיט האָניג? — — — —

— „מיט האָניג?“ — האָט חנה איבערגעפרעגט שמייכלענדיג. און

זי האָט זיך נעבען ברוך'ן אַפּגעשטעלט אַ ווײַלע, איהרע נאָז־פֿלינגלען האָבען זיך גענומען שפּרײטען. זי האָט גענומען ציהען אין זיך די לופֿט אַזוי, אַז עס האָט זיך קלאָהר אַנגעזעהען דאָס הויבען און פֿאַלען פֿון איהר ברוסט. — — —

ברוך האָט אויף איהר געקוקט מיט פֿרייד און געפֿרעגט:

— אַ יאָ, האָניג?!

חנה האָט זיך נאָך מעהר צושמייכעלט, און זיך אַנגערופֿען:

— וואָסער האָניג?! איהר זענט פּשוט הונגעריג. מען זאָל אייך לאָזען, וואָלט איהר איצט גענומען בייסען די לופֿט מיט די ציין. — —

און לייכט שפּילעוודיג איז דערביי פֿאַר ברוך'ן אויפֿגעגאַנגען דער געדאַנק, אַז דאָס וואָס אַ מענש האָט איינמאָל אויף דער אמת'ן געהאַט און געוואָלט האָבען, — דאָס בלייבט אויף אייביג זיינס. און עס צו־וואַקסט זיך נאָך אַלץ ליעבער און ווערט נאָך אַלץ רייכער און שעהנער — — — און ווי ווייט איז דען דאָס דאָרף, וואו זיי זענען ביידע אויס־געוואַקסען? — אַ שפּאַן פֿון דאַנען.

און ברוך און חנה געהען איצט איבער אַ ליכטיג ווייסען וועג, אויף אַ ווייטען פֿרעמדען באַרג און זיי שמייכלען ביידע און שמייכלענדיג זיי־נען זיי ביידע „אין דער היים“ און זיי זענען ביידע צוויי קליינע קינ־דער, און זייערע ביידענס מאַמעס לעבען נאָך, און זייערע ביידענס מאַ־מעס זיינען נאָך יונג און שעהן. און זייערע ביידענס מאַמעס לאַכען פֿון זיי, פֿאַר וואָס זיי קריעגען זיך שטענדיג. — זי, איבער איהר שוואַרץ קעצעל, און ער, איבער זיין רויטען הונט. — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ברוך און חנה רעדען צווישען זיך גיט רערענדיג: —

— חנקע!

— ברוך!

— זעהסט דעם גרויסען שוואַרצען אָדלער?

— אָי, סאַראַ שרעקליכער!! — שרייט אויף חנקע, זיך אַנטוליענ־דיג אָן ברוך'ן. און זי פֿרעגט:

— וועמעס איז ער?

— מיינער. — ענטפֿערט ברוך.

— אויף וואס דארפסטו איהם, אזא גרויסען און שרעקליכען ?— פרעגט חנקע זיך נאך מעהר צוטוליענדיג צו ברוך'ן.

— וואס הייסט, אויף וואס ? איך פליה דאך אויף איהם ארום אלע נאכט ארום דעם דאך פון דיין הויז.

— ווי, ער לאזט זיך דען זעצען אויף זיך ?

— אודאי לאזט ער זיך זעצען. אט קום וועסטו זעהן.

און ברוך נעמט און זעצט זיך מיט איהר אוועק אויפ'ן אדלער. און דער אדלער הויבט זיך מיט זיי אויף פון דער ערד און נעמט זיך מיט זיי טראגען איבער דער גרויסער און ליכטיגער נאכט. און ער טראגט זיך מיט זיי אזוי לאנג, ביז מאקס קומט אן און זאגט:

— בין איך דאס אביסעל הונגעריג, חנה ! איך וואלט דאכט זיך איצט געקאנט אויפעסען א פערד מיט די פאדקאוועס ! — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בינעם איז געגאנגען מיטביילקען, האט געהאלטען זיין האנט ארום איהר טאליע, און ערטערווייז, וואו דער וועג האט זיך זעהר שארף גע־לאזט בארג אראפ, האט ער זי כמעט געטראגען אונטער די הענט.

— ביילקע, מיינט איהר ניט, אז מיר קאטשען זיך איצט אלע ווי שטיינער בארג אראפ ? — האט ביי איהר בינעם נעפרעגט לאכענדיג.

— כא—כא ? — פאר וואס ווי שטיינער ! ? פאר וואס ניט ווי שטערען ? פאר וואס ניט ווי דאס ליכט פון דער לבנה ?

— כא, כא ! — האט בינעם אויסגעשריען — טאקע ווי שטערען, ווי דאס ליכט פון דער לבנה. נאר אונזער ברוך וואלט דערויף געוויס ניט איינגעגאנגען, ווארים נאך זיין מיינונג זיינען מיר דאך אלע טרוקען ווי שטיינער. — — —

ווי, איהר גלויבט טאקע, אז ער מיינט, וואס ער זאגט ?

— אויב ע ר מיינט ניט וואס ער זאגט, טא ווער דען צווישען אונז מיינט וואס ער זאגט ?

— נו געהט שוין, געהט ! נאך זיין מיינונג וואלט מען דאך אונז אלעמען געדארפט אויסטהון נאקעט און שמייסען אין מיטען מארק.

— כא — כא ! נו איז וואס ? —

— אבער גאט איז מיט אייך ! — צולאכט זיך ביילקע — אויב מיר זיינען שטיינער וועט דאך אונז שוין קיין שמיץ ניט העלפען.

— כאַ־כאַ־כאַ! — צולאַכט זיך בינעם. — מיט אַזוי־נע געדאַנקען האָט איהר נאָר געלעזען זיין „אונזער אונטערגאַנג״!

— ניין, ריכטיג, — זאָגט ביילקע שטיפעריש אָנעמענדיג בינעם׳ס האַנט אַרום זיך — מיינט איהר טאַקע, אַז ס׳איז דאָ אַ שכל אין דעם וואָס ער וויל אַלץ דערווייזען, אַז אונזער גרעסטער אומגליק בעשטעהט אין דעם, וואָס אונז פעהלט אוי־ס נאַרישקייט!

— ברוך! קום נאָר אַהער! — האָט בינעם גענומען שרייען לאַכענ־דיג. — קום נאָר אַהער און הער אַביסעל רייד! ביילקע וויל דאָך, ווייזט אויס, זיך אויס׳טענה׳ן מיט דיר. — — — —

ברוך איז צוגעקומען און ביילקע האָט איהם גלייך בעגעגענט מיט אַ צורייצטען געלעכטער אויף איהרע קליינע פולע ליפען, און זי האָט ביי איהם צורייצט געפרעגט:

— זאָגט דעם אמת, ברוך, גלויבט איהר טאַקע, אַז נאַרישקייט איז אַזאַ טייערע סחורה?

— אוודאי גלויב איך אַזוי.

— וואָס, אין אמת׳ן מיינט איהר? — קוקט אויף איהם ביילקע אַ לאַכענדיגע.

— איך מיין גאַנץ פשוט. איך מיין, אַז אַ געזעלשאַפט אָהן נאַ־רישקייט, איז ווי אַ ברונען אָהן וואַסער, ווי אַ גאָלד־מינע פון וואַנען מען האָט שוין אַרויסגעשעפט דאָס גאַנצע גאָלד. וואָרי־ם דאָס שענסטע און דאָס בעסטע אין אַ געזעלשאַפט, ווערט אויפגעשטעלט פון דעם סכום נאַרישקייט וואָס די געזעלשאַפט פערמאָגט. וואָרים עס זיינען די נאַראָנים, וואָס פליהען אין די הימלען, וואָס שאַפען און בויען און קערען די וועלט. — — — די נאַראָנים מיט זייערע אונשולדיגע טהוואונגען זיינען דער אמת׳ער שכל פון דער וועלט.

— כאַ־כאַ? ווי איהר לאַכט דאָס אַלץ, צי איהר מיינט דאָס טאַקע ערנסט? — פרעגט ביילקע.

— ערנסט, ביילקע, ערנסט! — זאָגט ברוך האַלב לאַכענדיג...

— נו, און וואָס זיינען נאָך אייער מיינונג די קלוגע פון דער וועלט? — פרעגט זי.

— די קלוגע פון דער וועלט, זיינען ווי מייז וואָס בעפאַלען אַ קע־

פּעלקעס און באַלעקעס זיך און קווייטשעס פון פרייד, ווארים זיי גלויבען אז דער קעז איז טאקע פון זייערט וועגען געמאכט געוואָרען.

— זאָל מיך נאָט שטראָפען אויב איך ווייס וואָס איהר רעדט — זאָגט ביילקע, זיך מיט אמאָל בעפרייענדיג פון בינעמס האנט — אָבער ווי, זאָגט מיר, אויב מענשען זיינען פארט געוואָרען קלוג, קאָן מען דען זיי זאָגען, — געהט ווערט נאריש?

— ע־ע! — זאָגט ברוך — אַט דאָ איז דאָך טאקע די צרה. איך בין געוועזען אין א געגענט וואו דער טייך האָט קיין פיש ניט געהאט, האָבען זיך די פאַרמערס צונויפגענומען און האָבען פון ערגעץ גע־בראַכט פעסער מיט יונגע פישלאַך און האָבען זיי אריינגעלאָזט אין טייך, און איצט וואַקסען דאָרטען פיש. איך בין אויך, דאָ ניט לאַנג צו־ריק, געוועזען אין א בערגיגער געגענד, וואו עס איז קיין הירשען ניט גע־ווען, זיינען די דאָרטיגע פארמער געגאנגען און האָבען אנגעבראכט יונגע הירשען אין שטייגען, און איצט שפּרינגען דאָרטען אום הירשען אויף די בערג. און אַט פונקט אזוי, גלויב איך, דאַרף ערגעץ זיין א וועג ווי אזוי אריבער צו ברייגגען אביסעל נארישקייט פאר אונזער באַדערפעניש. אויב ניט וועלען מיר דאָ אויסגעטריקענט ווערען ווי א פעלד אָהן רעגען! און אָהן וואסער. — — —

— ס'איז ניט אמת, — זאָגט ביילקע נאָך אַלץ לאכענדיג און קוקענדיג פאר זיך אויף דעם בארג־אראָפּינען ליכטיגען וועג — מיר דארפען ניט קיין נארישקייט! — און ווי מיט אמאָל דערזעהענדיג עפּעס פאר זיך... און ווי מיט אמאָל דערפיהלענדיג א געוואַלדיגע הנאה אין איהרע ביינער, האָט זי מיט א פיעלדייטיגען שטיפערישען קאפּריז פאַרענדיגט:

— מיר דארפען קלונשאפּט! קלונשאפּט! קלונשאפּט!...

ברוך איז פון דעם ווי פערפּרווירען געוואָרען... און דערצו האָט זיך נאָך בינעם גלייך דערויף אזוי פּלוצלונג צולאכט מיט זיין הילצערנעם געלעכטער:

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!...

און דער וואלד האָט פון עטליכע ערטער מיט אמאָל גענומען אָפּ־בערקלינגען:

כאַ—כאַ—כאַ—כאַ ! — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ברוך קוקט זיך אום אויף ביילקען : — סאַראַ מאָדנע דינגע זי איז !... און ווי מאָדנע שפּיצינג זי שטעלט דאָס איהרע קליינע פּיסלאַך אויף דעם שאַרפען באַרג־אַראָפּיגען ווייסען וועג ! — אַט פונקט ווי זי וואָלט זיך נעקליבען צו נעהן אויף די שאַרפע שפּיצען פון איהרע קליינע שיכלאַך. אַט פונקט ווי זי וואָלט נעפּיהלט, אַז מיט איהרע שאַרפע שפּיצינע שיכלאַך קאָן זי רייצען און שטעכען זיין נאַרישקייט ווי מיט שפּיזען... — —



אויף דער שיף, וואָס האָט זיי געפיהרט פון די „פּאַלים־היירס“ — איז ברוך שוין געשטאַנען נעבען חנה’ן. זיין האַנט האָט געפיהלט די ווארעמקייט פון איהר האַנט, און א ווארעמקייט איז אויפגעגאַנגען אין זיינע אויגען.

דער האָרסאַן האָט ברייט און ווייט געטראָגען זיינע פערשפּינעלטע וואַסערען. דאָס שיפעל איז געפּאַהרען איבער פעלדער וואָס האָבען גע־בליצט און געפינקעלט מ׳ט זילבערנע קוויטען און וויטלענדינע שלאַנגען.

קיין רוה צו די שלאַנגען! קיין אָפּהאַלט צו די אָהן אויפהער וואַק־סענדינע קוויטען! און האָט זיך פון די פערשפּינעלטע וואַסערען אויפ־געהויבען א זילבערנער וואַלד, און דעם וואַלד א שלאָס און דעם שלאָס די געפאַנגענע בת מלכה. די בת מלכה זעהט אויס ווי חנה, ווען זי איז נאָך א חנקע געוועזן — — — די בת מלכה קוקט ארויס צו זיי פון די קרישטאָלענע פענסטער, וואָס אין דעם הויכען זילבערנעם טורעם. און ברוך פערגעסט מיט אמאָל אין אלץ, וואָס איז געוועזן און געשעהן, און ער פיהלט נעבען זיך חנה’ן און זעהט דעם וואַלד, און זעהט דעם שלאָס און זעהט די בת־מלכה און עפּעס אין איהם ציטערט אויף און זאָגט:

זעה ווי קיין זאַך געהט ניט פאַרלאָרען. אלץ וואָס איז געוועזן, איז דאָ. אלץ וואָס איז דיינס איז צו דיר. און קיינער קאָן דאָס ניט אוועק־נעהמען פון דיינע הענט. — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און נאָכדעם שוין זיצענדיג אין דעם בעלויכטענעם רעסטאָראַן, האָט ברוך אויפגעהויבען זיינע אויגען און דערזעהן פאַר זיך חנה’ן. איהרע ליפּען זיינען געוועזן עטוואָס צוטריקענט און אָנגעשפּאַלטען, די לופט און די אויפרעגונג פון טאָג האָבען אוועקגעליינט א ליכטיגע מידקייט אויף איהרע באַקען. און איהר הויט מיט די ראָזע רערעלאַך איז געוואָ־רען דינער און דורכזיכטיגער ווי אלע מאָל — — — און לאָה וואָס

זיצט נעבען איהם זעהט אויך אוים ווי חנה — — — ווי חנה אין אַן אַנדער געשטאַלט — — — און אפילו ביילקע, וואָס איז דאָך גאָר אינ־גאַנצען אַן אַנדערע, זעהט עפּעס אויך אוים ווי חנה. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַט הויבט ברוך אויף זיינע אויגען איבער די טישען פון דעם ליכטיג בעלויכטענעם רעסטאָראַן, און דערזעהט, אַז אַלע פרויען וואָס זי־צען ביי די פיעלע טישען און עסען און רעדען און טרינקען און לאַכען, זענען ווי איבערגעטונענע חנה׳ס. דער גאַנצער רעסטאָראַן איז פול מיט חנה׳ס און חנקעס אין פערשיערענע קליידער, אין פערשיערענע געשטאַל־טען און פאַרמען און פאַרבען. — — — — — — — — — — — — — — — —

## צווייטע טייל:

# ווינטער



## קאפיטעל 8.

אייף מארגען נאכ'ן „אוטינג", האט מען זיך געלאזט זוכען „דישאבס" און מען האט זיך ארומגעזעהן, אז עס פאנגט זיך אן „נאר די רעכטע סלעק", א קריזיס נאר. באנקען האבען גענומען אנזעצען, און טעג האבען אנגעהויבען געהן אזעלכע שווערע, פערוואלקענטע.

— וואס הערט זיך עפעס, מאקס? — פרעגט ברוך בעגעגענדיג זיך מיט איהם.

מאקס קוקט איהם אן א צורודערטער.

— נוטער ברודער! עס פייפט. הערסט? — עס פייפט אין אלע ווינקעלעך! הערסט, וואס מע זאגט דיר? — עס איז צרות, עס איז גרויסע צרות.... און ס'איז אזא פערדראסיגע זאך — רבונו של עולם! אויף וואס פאר א וועלט לעבען מיר? וואס הייסט דאס, א מענש, א געזונטער, א שטארקער, וואס וויל ארבייטען, זאל פלוצלינג בלייבען אט אזוי א? אן עק מיט א סוף. און דאס, וואס די באנקען האבען גענומען אנזעצען, דאס, זאגט מען, איז זעהר א שלעכטער סימן, און דא וועט דאך שוין באלד אנקומען דער ווינטער, הערסט, אויף מייןווארט — — — ווען דיר וואלט זיך טאקע איינגעבען דיין פלאן, איז אזא יאהר אויף מיר,

נאָר אז — — — דו האסט זיך אזוי איינגע׳עקשנ׳ט, — ווילסט דוקא פיער דערפער אויף איין מאָל און אין יעדען דאָרף נים ווענינער ווי צוויי הונדערט מענשען, און יעדער איינער זאל דיר איינצאָהלען אזא סומע געלד. כאָטש דו ביזט אפילו גערעכט, ווייל דאן ביזטו מיט אלעם זיכער, ווייל, אז דו האָסט, ס׳הייסט איך מיין, אז די באַנק האָט שוין אזוי פיעל געלד און אזוי פיעל מענשען, און אז זי בוים שוין אוים פיער פינף דערפער, און יעדער איינער איז זיך א בעל הבית אויף זיין איינענער פאָרם און די באנק העלפט איהם נאָך אוים אי מים געלד אי מיט מאשי־נען, אין העלפט איהם נאָך אוים צו פערקויפען און קויפען, דאן פער־שטעהט זיך, איז מען מיט אלעם זיכערער. און דאָס, וואס דו ווילסט דוקא, אז ס׳זאל זיין ווייט פון א גרויסער שטאדט, איז אויך מן הסתם פון זיכערקייט וועגען. איאָ? וואס? מיינסט איך פערשטעה נים? און דערצו טאקע זוכסטו דאָך יענע ווייטע פלעצער, וואו עס זאל זיין פלאץ פאר נאָך און נאָך דערפער, און מיט דער צייט קאן זיין, וואלט מען דאָך טאקע געקאָנט בילדען אן אידישען שטאאט. וואָס? — אך, ווען דאָס וואָלט זיך דיר איינגעגעבען! און איך וואונדער זיך טאקע, פאר וואס חנה — — — נו, איך וויים — — —

מאקס ווערט אנטשווינגען און געהט א לענגערע צייט נעבען ברוך׳ן און שווייגט. נאָכדעם כאפט ער זיך ווידער:

— א, צו אלדע גוטע יאָהר! אז איך הויב זיך אָן דערמאהנען: — ווער איז צו מיר גלייך? עפעס נאר א קליינינקייט! — חתונה געהאט מיט אזא מיידעל ווי חנה. איך האָב דאָך אלע מיינע יאָהרען וועגען אָט אזא מיידעל געטראכט.... אז איך בין אריין אין דער „אָרגאניזאציע״, האָב איך דעם ערשטען מאָל אזא מיידעל געזעהן — — — און נאָכדעם— ווי!? — — און אז איך בין אָנגעקומען אהער קיין אמעריקא — — — וויים איך וואס — — — און אויף וואס, האָב איך געקלעהרט, דארף מען נאָר אין גאנצען חתונה האָבען? וואס איז? מען קריגט נים, אז מע דאַרף? און ערשט איצט, אז נאט האָט מיר געהאלפען, — נעה, וויים, נעה ריכט זיך, נעה וויים, אז איך וועל זיך דארפען פרעגען: צו וואָס האָב איך דאָס געדארפט, נו יא, אדרבא, זאג, צו וואס!

ברוך ענטפערט ווי־ניט־ווי, פרואווט זיך איהם געבען צו פערשטעהן,

ווי מיאוס עס איז געווען זיין פריהערדיג לעבען, אז א מאן מעג זיך צוזא־מענקומען מיט א פרוי בלויז, ווען ער האָט צו איהר דאָס נויטהיגע רע־ליגיעזע געפיהל, ווייל אז ניט, נעהט ער צו דער פרוי, פונקט ווי א חזיר צו דער קארעטע — און...

דאָ אבער רייסט איהם מאקס מיט אמאָל איבער:

— גוט וואס דו האסט מיך דערמאהנט, אויף מיין ווארט. דו ווייסט, אָט א די מיידעל — ביילקע — וואס האָט דיר אויפ'ן „אוטינג" אלץ געשריען, אז דו ביזט א שלעכטער. נו, דו ווייסט דאָך, איך האָב דיר שוין דערצעהלט פון איהר. זאלסט נאָר איצט זעהן! — זי איז דאָך טאקע פערליעבט אין דיר. דו ווייסט? זי זאגט, אז דו האסט אויגען, ווי ביי א קינד. אויף מיין ווארט. און אז ווען דו וואלסט נאָר וועלען, זאגט זי, וואלט זי איהר לעווינ'ען אוועקגעווארפען און וואלט געווארען דיינע א כלה מיט אלע אידישע פיטשעווקעס. — וואָס הייסט, זאגט איהר חנה, דו זאגסט דאָך, אז ער איז א שלעכטער מענש? — ווייס איך וואס, זאגט זי, איך וואלט איהם געלאזט, ער זאל מיך אויפעסען אָט אזוי — זאגט זי — וואָלט איך איהם אונטערגעטראגען מיין האנד צום מויל — נא. עס! עס מיך אויף אין גאנצען, אין גאנצען! און זי רעדט פון דיר טאקע נאָר ווי פון היץ.

אָט אָ די מיידעל, וואָס איז רויט געוואָרען אין מיינע הענט?! — פרעגט ברוך, זיך דערמאנענדיג — — —

— יאָ, און אָט א דאס, וואס זי איז רויט געווארען, האָט זי אויך דערמאהנט. זי ווערט נאר קיינמאָל ניט רויט, זאגט זי. — אבער וואס קריכען מיר אזעלכע נארישע געדאנקען אין קאפ, ברוך, ברוך! זאג אדרבא דו, וואס טהוט מען, וואס עס איז קיין ארבייט נימא? בעטראכט נאָר, עס וועט דאך זיין אזוי שלעכט. איך ווייס.....

— ביזט נערעכט, מאקס, א דאָס, וואס דו האסט נים קיין ארבייט איז טאקע זעהר שלעכט. אבער פילייכט, אפשר מאָרגען. מע דארף גוט זוכען.

---

אזוי אבער איז דאָס אוועק א וואך און צוויי, א מאָנאט, און מעהר פון א מאָנאט. נאָך דעם האָט עפעס מאקס יא געקראגען א „דזשאב". ער

תאט אבער אויף איהם קוים אפגעארבייט א צוויי דריי וואכען און איז וויע־דער געבליבען אהן ארביים. און דא איז שוין מאקע אנגעקומען דער ווינטער און מאקס איז געווארען פון טאג צו טאג אלץ מעהר נידערגעשלאגען, אלץ מעהר פערצווייפעלט און אין הארצען האט ביי איהם אזוי מארנע געקאכט, און ער האט זיך א־ינפאך קיין ארט נים געקענט געפינען. באלד עפעס פלעגט ער א ווילדען שפיי מהאן פאר זיך, ווי ער וואלט דאס אויף עמיצען געשפיגען מיט גאל.

## קאַפּיטעל 9.

איינמאָל, פאַרנאַכט, ווען מאַקס איז געקומען פון גאַס א דערשלאָ־גענער, מיט נאָכגעלאָזטע הענט און א פערלאָרענער זיך א וואָרף געטהאָן אויף דער סאָפקע, איז צו איהם צוגעגאַנגען חנה און געזאָגט:

— מאַקס! ווייסט — איך האָב דאָך פאַר זיך געפונען ארבייט!

— וואָ־א־אס!!

— ביי מיין ארבייט איז דאָך גאר איצט „ביזי"!

חנה!... וואָס הייסט.... וואָס רעדסטו? ! חנה!

ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט איהר ניט געקאָנט קוקען גלייך אין פנים אריין, האָט ער זיך צוריק אראָפּגעלאָזט אויף דער סאָפּקע און איז געבליעבען זיצען אזוי, ווי א פערטויבטער. די אויגען האָבען געקוקט פאַר זיך.

און ביי חנה'ן אויף די ליפּען האָט זיך איהר שמייכעל בעוויזען. —

זי האָט זיך צוגעזעצט צו איהם. אָבער דאָס מאָל האָט זי אליין ארומ־גענומען איהרע א ווייסע, וואַרעמע האַנד ארום זיין האַלז און גענומען רע־דען צו איהם ווי אן עלטערע שוועסטער:

— נאַר איינער, וואָס איז אז א ווייב העלפט אמאָל ארויס?

מאַקס האָט א לענגערע צייט ניט געקענט ענטפערען. נאָכדעם אבער האָט ער זיך גענומען טענה'ן, כמעט בעטען:

— וואָס הייסט, א ווייב זאָל אויף מיר ארבייטען? — — — פאַר וואָס? איך בין דען קראַנק? צו איך וויל דען ניט ארבייטען, צו בין איך דען חלילה געוועזען א שלעכטער, ניט קיין פלייסיגער ארבייטער? און איך וויל דאָך איצט אָננעהמען אבי־וואָסער ארבייט. און דערצו אָט, אָט, פּי־לייכט נאָך מארגען, פּיליייכט נאָך מאָרגען... און ביי ברוך'ן וועל איך שוין מעהר קיין סענט ניט לייהען — — — הערסט, אויף מיין ווארט — חנה! אויף מיין ווארט! — מאָרגען ארום גיין א זייגער דארף ער דאָ

זיין אבער דאָס איז, ווייל מיר דארפען צונעהן אין א בלאָז ווענען ארביים.

באלד אָבער האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון טהיר־גלעקעל.

חנה האָט אביסעל צושראָקען א טראַכט געטהון: „ווער קאָן דאָס זיין?" און אויפ'ן ערנסטען פאל האָט זי זיך פערפאַנצערט מיט איהר שמייכעל און איז אוועק עפענען די טהיר.

דער קארידאר איז שוין געווען ווי אָנגעפילט מיט דונקעלהייט, און פון זיין דונקעלהייט איז ביילקע מיט איהר ראָזעווען פנים און מיט איהרע אין רינגען געקרויזטע שווארצע האָר, ווי ארויסגעשוואומען אינ'ם שיין פון די נאָך ליכטיגע צימערען מיט פראָסט און פרישער פייכקייט אין די אויגען.

— האלאָ, בעללאָ! — האָט זי חנה בעגריסט, שמייכלענדיג, און האָט זיך מיט איהר פערנומען אין א צווייטען צימער.

— האלא! חנה, וואס מאכט איהר עפעס? אך ס'א פראסט עס נעהמט דאָס אויף נאכט, א פערגניגען!

און ביילקע נעהמט זיך פאַנאַנדערשפילען איהר ווינטער־ראָק און דערט ווייטער:

— ווי עס געהט דאָס אונזערע ציוניסטען! — די גאנצע צייט האָט דאָס געהאלטען אין איין רעגענען, אז עס האָט זיך אויסגעדראכט, היינ־טיגען ווינטער וועט שוין גאר ניט אויפהערען צו רעגענען, און פונקט איצט, פאר זייער באָלל, האָט דאָס מיט אמאָל אנגעהויבע נעהמען פרעסט איינס נאָכ'ן אנדערען. און וואס איז עפעס דער מעהר מיט אייער מאקס'ן?

— גאר ניט — זאגט חנה מיט א שמייכעל און נעהמט צו דעם ראק פון ביילקעס הענט.

ביילקע נעהמט אויך ארונטער דעם הוט פון קאפ, נעהמט ארויס א קאָם פון די האָר און בעסערט זיך מיט איהם צו די לאָקען, און זאָגט:

— איהר ווייסט, איך רעכען, אז עס וועט זיין זעהר א שעהנער באָל.

— יאָ, איך רעכען אויך אזוי — זאגט חנה און דער שמייכעל פון איהרע ליפען פערשווינדעט ניט, און אָט נעהט זי נאָר נאָהענט צו צו ביילקע'ן און דערפיהלט דערביי אין זיך א פלוצלינגע לייד־ענשאפט צו ביילקע'ן — איהר נעהמט זיך דאכטען, אז ניט זי, נאָר ברוך קוקט דאָס איצט אויף ביילקע.... און ביילקע זעהט אויס, ווי א יונגערע נאָר וואס

דערוואקסענע שוועסטער.... און חנה דערפיהלט, ווי צו מאכען עפעס א בעוועגונג, און זי נעהמט צוריק ארוים דעם קאם, וואס ביילקע האט נאר וואס פערשטעקט אין קאפ און שטעקט איהם איבער אין אן אנדער פלאץ, עס זאל אויסקוקען בעסער, שעהנער — — — —

ביילקע טוליעט זיך צו צו חנה'ן און פרעגט:

איא, חנה, איך בין א שעהן מיידעל!

— זעהר! — ענטפערט איהר חנה.

— און איהר וועט דאך זיין אויפ'ן באלל?

—יא! — ענטפערט איהר חנה — ברוך וועט מן הסתם אויך זיין.

— מאקע! — שרייט אויס ביילקע — אי וועט דאס זיין גוט! וועט איהר זעהן, ווי מיר וועלען טאנצען! איך האב דאך אזוי ליעב טאנצען, און היינט ווען איהר זאלט נאך זעהן ווי מיר פאסט מיין סאמעטען קלייד! און וואסער א קלייד וועט איהר אנטהאן?

— מיין ליכטיג בלוי קלייד מיט'ן ווייסען גאז.

— ברוך האט טאקע זעהר ליעב בלוי?

— וואס פאלט אייך איין? — זאגט חנה אלץ שמייכלענדיג — מיר פאסט בלוי, ווייל איך בין א ווייסע. און איהר ווייסט — זאגט חנה, מיט א מאל ווערענדיג גאר פרעהליך — איך שטעל זיך דאך שוין מארגען ארבייטען!

מאקע! א שאד, וואס איהר האט ניט געוואלט נעהן ארבייטען אין דעם שאפ, וואו איך ארבייט. פונקט איז היינט געווארען ליידיג א פלאץ נעבען מיר און איך האב א גאנצען טאג געטראכט, אז עס וואלט געווען זעהר גוט, אויב איהר זאלט וועלען אנקומען אין אונזער שאפ און דערצו מיין איך אלץ, אז ביי אונז איז פאר אייך א סך בעסער, ווייל איהר קאנט דאך נאך דעם שאפ פון אמאל און די „פארליידי" וואלט אייך געוויס באלד פעררעכענט פאר אן „אלטער האנד" און איהר וואלט דערפאר גע־קאנט אויסמאכען מעהר ווי אין א נייעם פלאץ.

— עס דאכט זיך אייך אומזיסט אזוי אויס, ביילקע. א גוטע האנד מאכט אומעדום גוט אויס.

— איהר זייט אפשר גערעכט — זאגט ביילקע און נעהמט ארום חנה'ען פאר דער טאליע און פרעגט:

— זאגט מיר דעם אמת, חנה, ווי מיינט איהר, ברוך וועט מיט מיר וועלען טאנצען?

— דאָס דארפט איהר ביי איהם פרעגען — זאָגט חנה און פרעגט גלייך מיט א שמייכעל:

— וואָס־זשע, איהר האָט זיך טאקע מיט אן אמת פערליעבט אין ברוך'ן?....

— איך ווייס ניט, חנה, איהר הערט.... ס'איז עפעס אזוי.... נאָר וואס?.... — און ביילקע ווערט מיט א מאָל ווי אפגעגאסען מיט פייער און צולאכט זיך פלוצלינג: כא, כא! עס פלאָנטערען זיך ביי מיר די ווערטער! איאָ איך בין א נאריש מיידעל?

פלוצלינג אָבער דערהערט זיך ביי דער טהיר א הילצערנער גע־לעכטער. די פרויען ציטערען אויף, דרעהען זיך אום און דערזעהען בינעם'ען נעבען זיך....

חנה ווערט אין כעס און ווערט רויט:

— איהר ווייסט דאָך, בינעם, אז איך האָב פיינט אָט א די שטיק אייערע!

— אָבער נאָט איז מיט אייך, חנה! דארטען זיצט מאקס מיט אן אראָפגעלאזטען קאָפ און ווייס ניט, וואו ער איז איצט אין דער וועלט, און דאָ האָט איהר זיך פאררעדט און זיך אויך, ווייזט אויס, פערגעסען, וואו איהר זייט ערגעץ אין דער וועלט — — — און קיין פייער צינדט איהר ניט אן, מן הסתם פון שטימונג וועגען — — —

מאקס האָט דערהערט ווי בינעם פער'מסר'ט איהם, אז ער זיצט מיט אן אראָפגעלאזטען קאָפ, איז ער אויך צוגעקומען צו זיי און ברוגז'לעך גענומען טענה'ען:

— ווער זיצט דאָס מיט אן אראָפגעלאזטען קאָפ? וואס הייסט.... וואָס.... וואס איז דאָ?... א יאָ, חנה, מען דארף שוין טאקע אנצינדען פייער? —

— יאָ, צינדט אָן פייער, און איך וועל נעהן מאכען טיי. איהר וועט דאָך בלייבען אויף טיי, בינעם? — זאָגט חנה זיך גלייך איבערבעטענדיג מיט בינעמען.

— „שור", „שור"! — זאָגט בינעם א צופריעדענער און א לאַכענ־

דיגער פון דעם, וואָס חנה, די שעהנע שטאָלצע חנה האָט זיך אויף אזא אופן געווענדעט צו איהם.

חנה איז אַוועק אין קיך צוגרייטען דעם טיי. דער טאָן פון בינעם׳ס „שור“, „שור“ האָט זי אזוי ווי דורכגעשטאָכען און איבער עפּעס א סבת איז דאָס ביי איהר צונויפגעבונדען געווארען מיט׳ן מאָרגענדיגען באָלל.... דער באלל, ביילקע, לאה, ברוך, בינעם, נחום, דאָס אלעם האָט זי איצט גענומען בריהען, ווי זי וואלט אין זיך איינגעשלונגען הייסע קוילען. זי וועט אויפ׳ן באלל ניט געהן, זי וועט ניט! און ברוך וועט אויך ניט געהן. ניין. זי וועט דאָס ביי איהם פשוט בעטען, וועט ער איהר צוליעבטהאָן. יאָ, זאל ער מאָרגען פערברייגגען ביי איהר אין הויז. יא, זי האָט דאָך איהם שוין לאנג אזא זאך ניט געבעטען. זאל ער פאר איהר דערצעהלען פון זיינע מעשיות, וואס ער טראכט צום שרייבען. ער האָט דאָך שוין פאר איהר אזוי לאנג נאָרניט דערצעהלט. יאָ, און מאָרגען איז דאָך דער ערשטער טאָג, וואס זי שטעלט זיך ארבייטען. און דערפאר טאקע בעט זי איהם, אז ער זאל פערברייגגען דעם מארגענדיגען אבענד מיט זיי. יאָ, „ווייל מאָרגען איז דאָך דער ערשטער טאג, וואָס זי ווערט צוריק א מיידעל!“— ניט איהר מיט אמאָל א בליץ אויף אין קאפּ. און עס ווערט איהר פון דעם מיט אמאָל אי פרעהליכער, אי לייכטער. עפּעס א שווערקייט שווימט אפּ פונ׳ם הארצען און זי קוקט דערויף ווי אויף א גליקליכען געדאנק: — יאָ, יא, — מאָרגען ווערט זי צוריק א מיידעל, א מיידעל! יאָ!

---

נאָכ׳ן טהיי האָט בינעם בעגלייט ביילקע׳ן אהיים. א לענגערע צייט איז בינעם געגאנגען מיט ביילקען און בייז געשווינען.

— וואָס שווייגט איהר בינעם? — האָט ביי איהם ביילקע געפרעגט. בינעם שווייגט.

— וואס, איהר זייט אין כעס אויף מיר? — האָט ביילקע ווידער גע־פרעגט.

— אויף איך ניט. ניין. נאָר אויף אונזערע אידישע פרויען.

— וואָס הייסט?!

— הא, איהר ווייסט נאר ניט, וואס דאָס איז אזעלכעס!

ביילקע לאכט און זאגט:

— וואס־זשע, איך בין ביי אייך קיין פרוי נים, צו איך בין קיין איר־דישע נים?

— וואָס זאל איך אייך זאגען, מיר דאכט זיך, אז איהר קאנט נאָך ווערען א גוט מיידעל. אדער אפשר איז דאָס, ווייל מיר וואלט זיך וועלען, איהר זאלט דאָס זיין...

ביילקע צולאכט זיך. איהר געלעכטער ניסט אפּ בינעמען מיט א ציטערדיגער ווארימקייט. זיין שטימע ענדערט זיך, ווערט אביסעל ווייכער און ווארימער, ער נעהמט זי אָן אונטער דער האנד און זאגט איבער:

— איהר ווייסט, ביילקע, מיר וואלט זיך זעהר וועלען, אז איהר זאלט דאָס זיין.....

— אָבער מיט וואס זיינען ביי אייך חנה, אָדער לאמיר זאגען, לאה, שלעכט?

— איהר רעדט אזוי נאאיוו, ביילקע, זיי זיינען דאך דאָס טאקע די, וואָס בעווייזען, אז אונזערע פרויען זיינען די נידריגסטע, וואס די וועלט פערמאגט נאָר. שטעלט אייך פאר ביי די גוים, ווען א אזא מיידעל, ווי חנה, איז פערליעבט אין אזא מאן ווי ברוך, און דערצו נאָך אזוי שטארק פערליעבט, וועט זי חתונה האָבען פאר עמיצען אנדערש? און דערצו נאָך פאר מאקסען? ניין, זי וועט פארזיצען, אדער זי וועט גאר אוועק אין מאָנאסטיר, ווייל אויב זי וואלט געהאנדעלט אנדערש, וואלט זי אויף זיך נעקוקט, ווי אויף א נאסען־פרוי. א היינטיגע אידישע טאָכטער אָבער האָט געגנוג שכל. זי וועט זיך אזוי ווייט נים בענקארעשען. זי וועט חלילה נים פערזיצען ביז'ן גרויען צאָפּ...

ביילקע צולאכט זיך:

— ווי אין בעס איהר זיים דאָס. און וואס זאגט דערויף ברוך?

— ער זאגט — ביי איהם געהט דאך דאס שוין אריין אין „אונזער אונטערגאנג" — אונזער היינטיגע פרוי איז פערוואנדעלט געווארען אין א זיי, וואס וויל מיט איהר לייב מאכען דעם בעסטען געשעפט, בעזונ־דערס די פרוי, וואס פאהרט פון דער אלטער וועלט אהער. די בעסטע פון זיי פאָהרט דאך אהער מיט א בעהאלטענעם געדאנק, אז עס וועט זי אויפ־כאפּען עפּעס א רייכער, א מיליאָנער, און וועט זי אריינפיהרען אין זיין

פּאַלאַץ מיט דיענער און דיענסטען און דערפאַר טאַקע וועט זי איהם „ליעב האָבען" און וועט זיך מיט איהם לייגען אין זיין גאָלדען בעט. איהר דאַרפט ענטשולדיגען, טאָמער איז דאָס געזאָגט אביסעל צו שאַרף, ווייל עס ווילט זיך דעם אומגליק פּשוט אנשפייען אין פּנים אריין. און איך זאָג אייך, אז ברוך איז גערעכט, ווען ער זאָגט: „אונזערע היינטיגע טעכטער פּעהלט לחלוטין גאָט אין האַרצען. די צאינה וראינה, וואָס האָט געהייליגט און געלייטערט אונזערע מאַמעס, האָט אויף זיי אויפגעהערט ווירקען, און אויב עס וועט נים געשאַפען ווערען אזא מין נייע ליטעראַטור, וואָס זאָל פאַר אונז צוריק ראַטעווען די עהרליכקייט פון אונזערע אידישע טעכטער, זיינען מיר פאַרלוירען, ווייל מענשען, וואָס זיינען ניט אנגעביג־דען אין קיין העכערער וועלט, האַלטען אין איין פאַלען און ווערען אלץ שמוציגער, ביז זיי ווערען אין גאַנצען בלאָטע".

ביילקע'ן געפעלט, וואָס בינעם כעס'ט זיך, וואָס ער רעדט דאָס צו איהר מיט אזא וויכטיגען טאָן און זי צולאַכט זיך און זאָגט:

— אָבער ווי געפעלט אייך דער מיליאָנער, וואָס חנה האָט פאַר זיך אויפגעזוכט?...

— ניין, ביילקע, ערשטענס גיבען זיך דאָך ניט אלעמענס חלומות איין, און צווייטענס איז דאָך דאָס ביי חנה'ן געווען א חשבון נאָר פון אן אנדער סאָרט. און דערצו איז נאָך דאָס חתונה־האָבען מיט מאַקסען ביי איהר געווען ווי א מין צוגעטראַכטער שמייכעל, מיט וועלכען זי האָט זיך גענומען קוקען אויף ברוך'ן און אויף אונז אלעמען.... איהר האָט זיך צוגע־קוקט צו איהר שמייכעל? — פאַראַן אזא וואַסער־חיה'לע, וואָס האָט זעהר א שוואַכען רוקען, נאָר א נישקשה'דיגען מויל און הערנער, און דערפאַר, אלע מאָל, ווען דאָס קומט אין בעריהרונג מיט די אנדערע, וועלכע זיינען שטאַרקער פאַר דעם, האַלט עס פאַר זיי שטענדיג גרייט דעם מויל און די הערנער, און דרעהט זיך די גאַנצע צייט אזוי, אז מען זאָל חלילה נים דערזעהן דעם שוואַכען רוקען...

פון דעסטוועגען האָט איהר, ווייזט אויס, נאָך פאַרט ליעב חנה'ען! — ווילט זיך ביילקען זאָגען. אָבער זי דערזעהט, אז זיי זיינען שוין נעבען איהר הויז — עס קאָן זיין, אז ביי איהר זיצט איצט לעווין — דערמאָהנט זיך, און זאָגט:

— אָט דאָ װאױן איך, אױפ'ן צװײטען שטאָק, רעכטס.

בינעם קוקט זי אָן....

— גוד־בײ! — זאגט זי איהם, געבענדיג די האנד — קומט מײן רעסטױענען אמאָל ארויף צו מיר. אפשר....

אָבער בינעם האָט שוין מעהר ניט געהערט און איז אװעק....

װען בײלקע איז ארויף, האָט זי בײ זיך געטראַפען לעװינ'ען.

# קאפיטעל 10.

אין דער דאָזיגער נאכט האָבען די איינוואוינער פון ניו יאָרק, זיך לענענדיג אויף זייערע געלעגערס, דערפיהלט, אז דער פראָסט קרעפטיגט זיך, קומט צו זיך אלץ מעהר און מעהר, און אין־דער־פריה, ווען זיי האָבען זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין איבער דער שטאָדט געלעגען א ווייסער ווינטער.

— כא־כא! ווי גוט דאָס איז, ווי גוט דאָס איז! — האָט חנה אויס־געשריען גאנץ פריה אויפשפרינגענדיג פון בעט און דערזעהענדיג דורכ'ן פענסטער די ווייסע שטאדט.

— זעהסט, מאקס, ווי שעהן עס איז צוליעב מיר געוואָרען אין דרויסען. נאָט ווייס, אז היינט נעה איך צו דער ארבייט, נעהמט ער און שפרייט פאר מיר אוים זיין וועלט אין ווייסען, און ווי זאגט אונזער ברוך: זיי געבענשט מיין גאָט, זיי געבענשט!

— חנה, אפשר וואָלסטו נאָך היינט ניט געגאנגען צו דער ארבייט. פיל־לייכט — — —

— אָ, הער מיר אויף דיינע נארישע שמיק! — זאגט זי כלומר'שט אונגעדולדיג און נעהמט זיך אנטהאָן — האָסט געהערט אביסעל, איך וויל ארבייטען, לאזט ער מיך ניט. וואס מיינסטו בין איך דיר? הערסט!

— איך וויל ניט, אז דו זאָלסט מיר גאָר מעהר איבעררעדען וועגען דעם. דו פערשטעהסט, מיר ווילט זיך פשוט צוריק ווערען א מיידעל. שטעל זיך פאָר, ווי גוט דאָס איז. אין גאס און אין שאפ איז מען א מיידעל און מען לעבט ווי א מיידעל און מען פיהלט ווי א מיידעל און אין דער היים האָט מען זיך א מאן. אזא גוטען, א וואוילען. דאָס איז דאָך א לעבעדיגע וועלט, מאקס, ניט אמת?

מאקס שמייכעלט, איהר צוליעב — — —

און חנה'ן פאלט איין: וואָס איז דאָס! עפּעס איז זי, דאכט זיך, היינט אין גאנצען ברוך'יש געשטימט. רעדט, דאכט זיך, אויף זיין אופן!... אָבער זי פערטרייבט דאָס באלד.

— הערסט, וואס מיר איז גאר איינגעפאלען, מאקס ? ווערליג די פענ־סטער זיינען פערפרוירען, איז ווייזט אויס אין דרויסען א גוטער פראסט, און עס וואלט געווען א יושר, מיר זאלען היינט גאר אריינכאפען א גליטש ! (וויערער דאכט זיך איהר אויס, אז זי רעדט ווי ברוך...) און ווייסטו וואס איך וועל דיר זאגען, דו וועסט זיך דאך היינט זעהן מיט ברוך'ן, איז, מאך מיט איהם, אז מיר זאלען זיך היינט אבענד טרעפען אויפ'ן סקייטינג רינג אין פארק. ער וואוינט דאך ניט ווייט פון דארטען. און דו נעהם מיר ארויס מיינע „סקייטס", שארף זיי אן און מאך מיר, אז זיי זאלען גלאנ־צען, ווי די שפיגעלעך, ווייל, פערגעס ניט, אז איך בין דאך היינט אויפ'ן איין דיין מיידעל ! — וועסטו זעהן, ווי מיר וועלען דאס היינט א לעב טהאן !

— נו, און אויפ'ן באלל ? ! — פרעגט מאקס פערוואונדערט.

— עי, נאר, ווער דארף דאס האבען דעם באלל זייערען ? ! זאג ברוך'ן אז איך האב דאס ביי איהם געבעטען, הערסט ? און דו זאלסט מיר נאר קיין נאר ניט זיין.

מאקס שמייכעלט אונטער, ווען ער בעגעגענט זיך מיט איהרע אויגען. זי אבער זעהט די געמאכטקייט פון דעם. זי נעהמט זיך פרואווען פערשיע־דענע אנדערע מיטלען, אבער עס נעהט ניט... און שוין אן אנגעטהאנענע צום ארויסגעהן, פאלט זי פלוצים אויף א פלאן : זי נעהט ראש צו צו איהם, כאפט איהם אן פאר די הענט און נעהמט כלומר'שט בייז פאדערען:

— ניב א לאך ! גיב א לאך !

מאקס, וואס האט זיך געהאט פון אנפאנג דערשראקען פון איהר פלוצלינגען בייזען קעהר, דערהערענדיג, אז דאס איז אין גאנצען צוליעב א לאך, האט זיך טאקע גאנץ הארציג צולאכט.

— העכער, העכער ! — האט זי גענומען שרייען נערוועז, זיך דער־מאהנענדיג, אז אויך דער איינפאל איז ברוך'ס, ברוך'ס ! — „וואס וויל ער פון מיר האבען ? !" — איז איהר דורכגעפלויגען אין קאפ — וואס האט ער זיך דאס מיט אמאל ארייננעזעצט אין מיין פלייש און בלוט ? ! — — —

און מאקס לאכט און לאכט. און לאכענדיג שרייט ער אויס, אט דאס איז איין אנפאל פון א....

— מיידעל — כאפט זי אונטער.

— נו, גוט, זאל זיין א מיידעל, זאל זיין א מיידעל.
— נו, גיב מיר נאָך א קוש פאר'ן אוועקגעהן.
— וואָס הייסט? איך וויל דאָך דיך בעגלייטען צום שאפּ.
— ניין, איך וועל געהן אליין, ווי א מיידעל.
— וואָס הייסט?... וואס.... אדרבא.... איך מיין....
— ביין, איך וועל געהן אליין.

## קאַפּיטעל 11.

פאַר ברוך׳ן האָט זיך דער מארגען אנגעהויבען „עפּעס אזוי מאָדנע״:

די לעצטע פאַר נעכט איז ער װעניג געשלאָפען, און די נאכט פאר דעם מארגען האָט ער בלויז פארטאג געכאפט א דרעמעל. גאנץ פריה האָט ער זיך אויפגעכאפט און איז ארוים אינ׳ם װייסען דרויסען און דערזעהן, װי עס װארט אויף איהם א גרויסע גאלדענע זון. ניט װייט פון איהם אין פארק ליגט אויפ׳ן שנעע צולײנט א גרויסע גאלדענע זון און װארט אויף איהם, װי זי װאלט זיינער א געטרייער הונט געװען. — און דאָס הארץ פארנעהט זיך אזש ביי איהם פון ליעבע און פרייד, און ער צושמייכעלט זיך װי א דערװאקסענער פון א קינדערישען, חוצפה׳דיגען איינפאל: — „די זון װארט אויף איהם! און װי זיינער א געטרייער הונט!״ און דער פארק, און די בערג, און די בוימער זיינען ערשט אויפ׳ס ניי צוליעב איהם אויפגעװאקסען, אלע אין װייסען, אלע אין װייסען. זיי װאקסען נאָך, זיי צעװאקסען זיך ערשט איצט פאר זיינע בליקען, און אָט, װיפיעל װייסע בערג, װיפיעל פערשנעעטע בוימער! װי זיי שפּרייטען זיך און בויגען זיך. דער װינט בלאָזט שטארק און פראסטיג. און אויף א קליינעם װייסען בערגעל ליגט זיין גרויסע גאלדענע זון און װארט, און שיקט צו איהם אראנזש־גאָלדענע שאָטענס. די גאלדענע שאָטענס ציהען זיך צו איהם ציטערדיג — צופריעדען איבער׳ן צארט װייסען שנעע און קושען זיינע פים. — זיי געבענשט דו פרישער, זונינער, װינטער־פריהמארגען! זיי געבענשט!

ער לאזט זיך געהן צו דער סטאנציע פון דער אויבערשטער שטאדט־באהן, און דער שנעע שפּיעלט אוים אונטער זיינע פים זיין יעדען טריט: טריט־טראָט, טריט־טראָט, טריט־טראט! טריט־טראט! און עס דאכט זיך נאָך, װי פוינעל פּיסשען, װי טויבען װאָרקען, פידלען שפּיעלען. און דער װינד נעהמט ארום, האלזט און גלעט, װאשט און װייעט און קושט דאָס פּנים, די אויגען, די הענט. — זיי געבענשט! זיי געבענשט, פאר פראסט און װינט, פאר שלאף און שנעע. —

ער איז אריין אינ'ם עלעווייטעד־באהן.

דער באהן — א קייט וואגאָנען אָנגעשלאָסען איינער צום צווייטען — נעהמט זיך יאָגען אין דער הויך, אויף זיין אייזערנער בריק. די זון לויפט איהם נאָך פון צווישען די בוימער פון פארק, שפרינגט איבער די בערג, פערלויפט אָפט אויפצופריהער... און עס זעהען זיך אונטער דער בריק פעלדער, הייזלעך מיט פערשנעעטע דעכער און זיין זון, זיין גרויסער גאָלדענער הונט שפרינגט איהם נאָך. זי שפרינגט און קאטשעט זיך איבער די ווייסע פעלדער, איבער די ווייסע דעכער — — — און אָט פאָהרט ער אריין אין די הויכע גאסען, וואס הויבען זיך נאָך מיט טויזענ־דער קעפּ העכער פון עלעווייטער. ער פאָהרט צווישען גאסען, וואָס וואקסען אין הימעל אריין! — איהם נעהמט זיך דאכטען, אז ער פאהרט צווישען שטערט, וואס היינגען אין דער לופטען — — — און די גרויסע, לאנגע בריק איז ווייס פערשנעעט, און איבער איהר ציהען זיך לאנג און ווייט זעקס ריינע, אייזערנע פאסען, וואס בלאנקען אונטער דער זון אין גאָלד און אין זילבער. זיין באהן פאהרט אויף די מיטעלסטע צוויי און מיידט אוים די אנדערע באהנען, וואס טראגען זיך אָן פוןביידע זייטען. זיין באהן לויפט, ווי זי וואלט וועלען איינרייסען די וועלט, און די ווייסע בריק, דאכט זיך, נעהמט מיט שרעק לויפען אנטקעגען און שווינדט אונטער די רעדער. ער פאהרט פון צפון אויף דרום און אין דעם איי־נענעם וועג לויפט אויך, ניט ווייט, דער שטאדטישער מזרח־טייך, וואס ווערט פערפראָרען בלויז ביי די ברעגען און אין מיטען איז ער, ווי עס וואָלט נאר קיין פראסטיגער ווינטער אויף דער וועלט ניט געווען. די זון און דער טייך פערשווינדען אלע מאָל. און אין די עקען פון די גאסען, וואָס שניידען איבער די שטאָדט פון מזרח אויף מערב, שפרינגען זיי ווידער ארוים. די זון זוכט אויף זיין פענסטער. שפרינגט צו צו איהם און קושט איהם ליעב און דער טייך שמייכעלט דערביי ציטערדיג־פריש, ווי א גליקליך צופריעדענע מאמע. און באלד פערשווינדען זיי ווידער. זיי בליי־בען ערגעץ אונטען, און ביי דער נעקסטער גאס שפרינגען זיי ווייטער ארוים און ער שמייכעלט זיי אנטקעגען: — מיין שעהנע זון, און דו, שעהנער, גאָלדענער טייך! און פון זיינע אויגען נעהמען זיך רייסען גאָל־דענע פויגעל — א פינטעל מיט די אויגען, און עס פליהען ארוים א פּאָר גאָלדענע פויגעל, און אָט נאָך א פּאָר און אָט נאָך א פּאָר. די וואנאגען

זיינען פול און פול מיט מענשען, און זיי אלע זיינען נאר־וואס אויסגעשלאָפענע, און אלע זיינען זיינע ברידער און שוועסטער, זיינע זיהן און טעכטער — זיי שמייכלען אלע מיט זיין שמייכעל — און אויך פון זייערע אויגען רייסען זיך גאָלדענע פויגעל. גאָלדענע פויגעל פילען אן די וואגאנען, שלאָגען זיך אָפּ און פלאטערען אויף די פענסטער פון די טויערען, וועלכע לויפען פערביי די וואגאנען. גאָלדענע פויגלען פליהען אוועק, שפרינגען אריין און באדען זיך אין טייך. און ווי מאָדנע די מיידלעך האָבען זיך דאָס גענומען אָנטהאָן היינטיגען ווינטער! — ווינטער רעק מיט'ן פוטער ארויס! פון אמת'ען אדער נאכגעמאכטען פוטער. און עס זעהט אויס אזוי קינדעריש, ווי זיי וואלטען גענומען דער מאמע'ס פוטער'ס זיי איבערגעקעהרט אויף דער לינקער זייט און זיי אנגעטהאָן אויף זיך גלאט אזוי, פון קאטאוועס וועגען.... און היטלען האָבען זיי אנגעטהאָן אזעלכע מאָדנע — פון סאמעט און פוטער האָבען זיי אויפגענעהט אזעלכע הויכע, שפיצינע קאלפאקען. מיידלעך זאל זיך דאָס פלוצלינג פערגלוסטען אנצוטהאָן קאלפאקען! — — — און אונטען איז די גאנצע שטאדט איבערגעפלאכטען מיט פארבינע ריהרעוודיגע מחנות. די גאנצע שטאָדט, דאכט זיך, געהט, די גאנצע שטאדט ריהרט זיך און געהט... און די מחנות זיינען מיט זון בעפלעקט. — גאָטס ברכה אויף זייערע קעפּ, גאָט'ס ברכה.

נאָר ווען ער איז אראָפּ אין גאס און דערזעהן, ווי די מחנות בויגען זיך אריין אין דער ברייטער גאס און ניסען זיך דאָרט צונויף אין צוויי, נאָך ברייטערע, אונענדליך לאנגע מחנות, וואס ציהען זיך אויףביידע זייטען פון דער גאס, און די אונענדליכע ריהרעוודינקייט פון אָט די טונקעלע קליידער, ליכטינע פנים'ער און אָט די היט, די קאלפאקעס, און די מאָדנע רעק מיט'ן פוטער ארויס, און צווישען די ביידע מחנות, די קארס, וואָס לויפען איבער דער לייננ פון דער גאָס, ארויף און אראָפּ, פול געפּאקט מיט מענשען און קלינגען, און טומלען, און רודערען; און די פוהרען: געזונטע, גרויסע פערד, די אנגעלאדענע וועגען, וואס גליטשען זיך און קלאפען אין זייערע אנגעשמירטע רעדער, און די גרויסע, שווערע רעדער, וואָס קלאפען אן שטיין; און די פערפוצטע גלעזערנע פענסטער, וואס שפיעגלען אין זיך אריין אי די מחנות מענשען, אי די גרויסע פערד מיט זייערע אנגעלאדענע וועגען, אי די „קארס", און צושפיעגלען אזוי די ברייטע גאס אויף ביידע זייטען און מאכען זי דורך דעם נאָך גרעסער,

